# דירעקטע אַקציאָן



וואָלטערינא דע קלעיר

פּרייז 5 סענט

ניו יאָרק, 1914

אַרויסגעגעבען (און געזעצט אין דער דרוקעריי) פון דער גרופּע
„בּרויט און פרייהייט".

# אַ גוטע געלעגענהייט

פאַר דעם יעניגען וועלכער וויל זיך בעקאַנען מיט איינעם
פון די שטאַרקסטע כאַראַקטערע וואָס די
רוססישע אַנאַרכיסטישע
בעוועגונג האָט אַרויסגעגעבען איז צו לעזען

## די רעדע

פון

# ראַאיסאַ פּריסיאַזשניוק

פּאַר'ן קיעווער קריגס געריכט אין יאָהר 1908.

מיט איהר בילד און אַ ביאָגראַפישע סקיצע
געשריבען פון איהרער אַ אינטימער פריינדין.
ארויסגעגעבען פון דער גרופּע „ברויט און פרייהייט".

פּרייז 5 סענט.

---

# דירעקטע אַקציאָן

פון וואָלטערינא דע קלעיר (1

פון דעם שטאַנדפונקט פון אַ מענשען, וועלכער האַלט זיך פאַר פעהיג צו דערבליקען דעם גלייכען וועג, אויף וועלכען עס געהט דער מענשליכער פּראָגרעס, אויב דאָס זאָל זיין ווירקליך פּראָגרעס; פון דעם שטאַנדפונקט פון אַ מענשען, ביי וועמען דיעזער גאַנצער מאַרשרוט איז איינגעקריצט אין זיין מאַרך, און וועלכער האָט אימער־צו געשטרעבט אויף איהם אָנצואווייזען צו זיינע מיט מענשען און צו מאַכען זיי איהם זעהן, ווי ער זעהט איהם, צוליעב וואָס ער האָט אימער־צו געברויכט די סאַמע איינפאַכסטע און קלאָרסטע אויסדריקע — פאַר אַזאַ מענשען איז עס אַ זעהר פערדראָסיגע זאַך אויסצוגעפינען, ווי מיט אַ מאָל האָט דער וואָרט „דירעקטע אַקציאָן" געקראָגען אין דער אַלגעמיינער פערטייטשונג אַ גאַנץ אַנדער זין, וואָס איז גאָר ניטאָ אין דעם וואָרט גופא, און וואָס דער, וואָס האָט אימער געברויכט דעם וואָרט, האָט ניט ער און ניט זיינע מיט־דיינקער, אַזוי גאָרניט געמיינט.

אָבער, ווי די מעשה איז, איז דאָס שוין איינער פון די געוועהנליכע שפּאַסען, וועלכע דער פּראָגרעס טרייבט מיט די יעניגע, וועלכע מיינען צו זיין אין שטאַנד צו בע־שטימען פאַר איהם זיינע וועגען און גרענעצען.

עס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכ־טע, ווי ווערטער, פראַזען, מאָטאָס און לאָזונגען זיינען אומ־געדרעהט געוואָרען מיט'ן קאָפּ אַראָב, מיט דאָס אינעווייי־

---

1) געשריבען אין יאָהר 1912

ניגסטע אין דרויסען, מיט דאָס הינטערשטע צום פּאָרענט דורך פּאַסירונגען, איבער וועלכע די יעניגע, וועלכע האָבען געברויכט דיעזע פראַזען, האָבען קיין קאָנטראָל ניט גע-האַט. און דאָך די יעניגע, וועלכע זיינען געשטאַנען פעסט אויף זייער שטאַנדפּונקט און האָבען געצוואונגען די מענ-שען זיך צוצוהערען צו זיך, האָבען סוף כל סוף אויסגע-פונען, אַז די פּעריאָדע פון מיספערשטענדניסע און פּאָר-אורטהיילע איז געווען בלויז אַ פּאָרשפּיעל צו אַ ברייטע-רער פּאָרשונג און צו אַ טיעפערער פערשטענדניס.

און מיר ווילט זיך גלויבען, אַז דאָס וועט אויך זיין דער פאַל מיט דער איצטיגער פאַלשער אויסטייטשונג פון דעם וואָרט „דירעקטע אַקציאָן", וועלכער, דורך אומפערשטענ-דניס אָדער דורך אַן אַבזיכטליכע פעלשונג פון געוויסע זשורנאַליסטען אין לאָס אַנזשעלעס אין דער צייט, ווען די מעקנאַמאַראַס האָבען זיך ערקלערט פאַר שולדיג, האָט מיט׳ אַ מאָל געקראָגען צווישען פאָלק די פערטייט-שונג פון אַ ,געוואַלט־אַטאַקע אויף לעבען און איינענטהום׳ דאָס איז געווען אָדער מחמת דער אונוויסענהייט אָדער דער אונעהרליכקייט פון די זשורנאַליסטען; אָבער דיעזע פערטייטשונג האָט געהאַט די ווירקונג, דאָס זי האָט גע-מאַכט אַ היבשע ביסעל מענשען נייגיעריג צו וויסען אַלעס וועגען ,דירעקטע אַקציאָן׳.

ווי די ריכטיגקייט איז, וועלען די יעניגע, וועלכע פערדאַ-מען מיט אַזאַ חשק און אַזאַ צאָרן די דירעקטע אַקציאָן, ווען זיי וועלען זיך נור אָנהייבען צו פּאָרשען, אויסגעפינען, דאָס זיי אַליין האָבען בּיי פיעלע געלעגענהייטען פּראַקטיצירט די ,דירעקטע אַקציאָן׳. און וועלען עס אָפט ווידער טהאָן.

יעדער מענש, וועלכער דענקט. דאָס ער האָט אַ רעכט צו בעהויפּטען און דורכצופיהרען זיינע איבערציינונגען און האָט זיי טאַקע גאַנץ מוטהיג אויסגעדריקט אַליין אָדער צוזאַמען מיט אַנדערע, וועלכע האָבען געהאַט די זעלבע

איבערצייגונגען וואָס ער, איז — אַ דירעקטער אַקציאָניסט מיט אַ וועלכע עס איז דרייסיג יאָהר צוריק, דערמאָן איך זיך, האָט די סאַלוויישען אַרמי גאַנץ ענערגיש פּראַקטי־צירט די דירעקטע אַקציאָן פאַר איהר איבערצייגונג, דאָס איהרע מיטגלידער מוזען זיין פריי צו רעדען, צו פערזאַמ־לען זיך און צו בעטען. ווידער און ווידער פלעגען זיי אַרע־סטירט און בעשטראָפט ווערען, אָבער זיי האָבען אַלץ ניט אויפגעהערט מיט זייער זינגען, בעטען און מאַרשירען, ביז זיי האָבען ענדליך געצוואונגען זייערע פערפאָלגער צו לאָזען זיי צורוה. די „אינדאָסטריעל וואָרקערס” פיהרען איצט אָן דעם זעלבען קאַמפף און זיי האָבען אין פיעלע פעלע געצוואונגען די שטאָדט בעלי בתים צו לאָזען זיי צורוה דורך די זעלבע דירעקטע טאַקטיק.

יעדער מענש, וואָס האָט ווען געהאַט אַ פּלאַן צו טהאָן וואָס־עס־איז, און איז געגאַנגען און עס געטהאָן: אָדער יעדער מענש, וועלכער האָט פאָרגעלעגט זיין פּלאַן פאַר אַנדערע און האָט געוואונען זייער מיטאַר־בייטערשאַפט, און האָט זיך צוליעב דעם ניט געווענדעט צו אויסערליכע אויטאָריטעטען, גדולים, אַז זיי זאָלען זיין אַזוי גוט און דאָס טהאָן פאַר איהם, — יעדער אַזאַ מענש איז אַ דירעקטער אַקציאָניסט. אַלערליי קאָאָפּעראַטיווע עקספּערימענטען זיינען אין זייער וועזען דירעקטע אַקציאָן.

יעדער מענש, וואָס האָט אַמאָל אין זיין לעבען גע־האַט אַ סכסוך מיט אַ צווייטען, און ער איז געגאַנגען גלייך צוא דער פּעראינטערעסירטער פּערזאָן צו סעטלען דאָס מיט איהם, מיט גוטען אָדער מיט בייזען, פריעדליך אָדער מיט געוואַלט, איז געווען אַ דירעקטער אַקציאָניסט! ביישפּילע פון אַזאַ מין דירעקטער טהעטיגקייט זיינען סטרייקס און באָיקאָטס. פיעלע מענשען וועלען זיך דער־מאָנען אָן די פרויען אין ניו יאָרק, וועלכע האָבען באָיקאָ־

טירט די פוטשערס, אום צו קריגען דאָס פלייש פאַר אַ
ביליגערען פרייז. אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווי עס
שיינט, האַלט עס ניט ווייט פון אַ פוטער־באָיקאָט, אַלס אַ
דירעקטער ענטפער צו די פרייז־מאַכער אויף פוטער.

דיעזע אַלע טהעטיגקייטען קומען ניט געוועהנליך פון
איינעמס שטאַרקען איבערטראַכטען איבער די אַלע גוטע
אייגענשאַפטען פון אַ דירעקטער טהאַט און איבער די אַלע
שלעכטע אייגענשאַפטען פון אַן אינדירעקטער טהאַט. ניין,
זיי זיינען די ספּאָנטאַנע ענטפערס פון די יעניגע, וועלכע
געפינען זיך געדריקט פון אַ געוויסער לאַגע. אין אַנדערע
ווערטער, אַלע מענשען גלויבען אין די מייסטע פעלע אין
דעם פּרינציפּ פון דירעקטער אַקציאָן און אין זיין פּראַק־
טיצירונג. דאָך, דיא מייסטע מענשען זיינען אויך אינ־
דירעקטע טהוער, ד. ה., זיי גלויבען אין פּאָליטישע אַק־
ציאָן, און זיי זיינען ביידע דיזע זאַכען אין איין און דער־
זעלבער צייט, ניט אָבגעבענדיג זיך קיין שטאַרקע רע־
כענונג וועגען דעם.

עס איז דאָ אַ בּעגרענעצטע צאָהל מענשען, וועלכע
מיידען אויס פּאָליטישע טהעטיגקייט אונטער אַלע אומ־
שטענדען; אָבער עס איז ניטאָ אַזאַ מענש, וועלכער איז
ווען עס איז געוועזען אַזאַ זאָנדערלינג, אום אויסצומיידען
גאַנץ און גאָר דירעקטע אַקציאָן.

די מאַיאָריטעט דיינקענדע מענשען זיינען ווירקליך
אָפּפּאָרטוניסטען, וועלכע זיינען בּערייט צו געבּרויכען
אירגענד וועלכע מיטעל, סיי דירעקטע און סיי אינדירעקטע
ווען דיא געלעגענהייט פּאָדערט עס. דאָס מיינט, אַז עס
זיינען דאָ אַזעלכע מענשען, וועלכע האַלטען עס פאַר
שלעכט און נאַריש איבּערצוגעבּען די מאַכט צו געוויסע
הערשער, און פון דעסטוועגען, אונטער אַ געוויסען דרוק
פון אומשטענדען, קענען זיי עס בּעטראַכטען אַלס דאָס
קלינגסטע צו שטימען פאַר אירגענד אַ פּערזאָן, אַלס בּעאַמ־

טער אין יענער נעוויסער צייט. אָדער עס זיינען דאָ אַזעלכע מענשען, וועלכע גלויבען, אַז אין אַלגעמיין איז דער בעסטער אופן פאַר דיא מענשען צו קריגען דאָס, וואָס זיי ווינשען, די אינדירעקטע מעטאָדע פון צו געבען איינעם די מאַכט אום צו מאַכען געזעצליך דאָס, וואָס זיי ווילען. און דאָך די זעלבע מענשען וועלען צייטענווייז, פיי נעוויסע אויסנאַמס-פעלע, ראַטהען צו סטרייקען. און אַ סטרייק איז דאָך אַ דירעקטע טהעטיגקייט, ווי איך האָב שוין ערקלערט. אָדער זיי קענען טהאָן, ווי דאָס האָבען געטהאָן לעצטען זומער די אַגיטאַטאָרס פון דער סאָציאַ־ליסטישער פאַרטיי, ווען די פּאָליס האָט זיי געשטערט אָבצוהאַלטען זייערע מיטינגען. חאָטש זיי האָבען שוין אַזאַ געוואוינהייט צו פילדערען געגען די דירעקטע אַקציאָן, דאָך זיינען זיי אַוועק אין זייער גאַנצער מאַכט צו דעם פער־זאַמלונגס-פּלאַץ, ענטשלאָסען צו רעדען, וואָס עס זאָהלען ניט זיין די פּאָלגען. און זיי האָבען געמאַכט טאַקי די פּאָליס צוריקצוטרעטען. ווען חאָטש דאָס איז פון דער זייט פון די סאָציאַליסטען אודאי ניט געווען זעהר לאָגיש אַזוי זיך צו שטעלען געגען דער געזעצליכער אויטאָריטעט פון דעם ווי־לען פון דער מאַיאָריטעט, דאָך איז עס געווען אַ פיינע און אַן ערפאָלגרייכע שטיקעל דירעקטע אַקציאָן.

די יעניגע, וועלכע דורך דעם סאַמע עיקר פון זייער לעהרע זיינען בלויז דירעקטע אַקציאָניסטן — טרעפט, ווער זיינען זיי? ניט קיין אַנדערע, ווי די, וועלכע האַלטען פון דעם פרומען פסוק: „דו זאָלסט זיך ניט ווערהרען״, די, וועלכע גלויבען גאָר ניט אין געוואַלט — דיזע זיינען די סאַמע עקסטרימע דירעקט-אַקציאָניסטען. מאַכט אָבער-ניט קיין פעהלער, און שליסט ניט פון דעם, אַז איך זאָג, אַז דירעקטע אַקציאָן מיינט ניט-ווערהרען זיך. ניין, דאָס פאַר קיין פאַל ניט. דירעקטע אַקציאָן קען זיין די חעכסטע געוואַלט, אָבער זי קען זיין אויך אַזוי פריעדליך, ווי די

וואַסערען פון דעם טייכעל סילוואַ, וואָס פליסען אַזוי שנעל. וואָס איך מיין, איז — דאָס די אמת־גלויבינגע אין ניט ווערען־זיך, קענען גלויבען בלויז אין דירעקטע אַקציאָן, און קיינמאָל ניט אין פּאָליטישע אַקציאָן. ווייל דער פונדאַמענט פון יעדער פּאָליטישער אַקציאָן איז צוואַנג. אפילו, ווען דער שטאַאט טהוט גוטע זאַכען, שטיצט ער זיך נאָך אַלעס אויף אַ קלאָב, אויף אַ ביקס, אָדער אויף אַ געפענג־ניס, וועלכע ער האָט אימער די מאַכט צו געברויכען.

יעדער חדר־אינגעל אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען ווייס דורך די געשיכטע, וואָס מען לערענט איהם אין שול, פון דעם סאָרט דירעקטע אַקציאָן, וואָס בעשטעהט אין ניט ווערען זיך. דער פאַל, אָן וועלכען ער וועט זיך גלייך דער־מאָהנען, איז דער פון די ערשטע ק ו ו י י ק ע ר ס, וועלכע זיינען געקומען נאָך מאַססאַטשוזעטס. די פוריטאַנער האָבען בעשולדיגט די קווייקערס, דאָס זיי „מאַכען אונרוהיג די וועלט מיט דעם, וואָס זיי פּרעדיגען פריעדען". זיי האָבען זיך ענט־זאַגט צו צאָהלען קירכען־שטייערען. זיי האָבען זיך ענטזאַגט צו טראָגען וואַפען; זיי האָבען זיך ענטזאַגט צו שווערען טרייהייט צו אירגענד וועלכע רעגיערונג. אזוי האַנדלענדיג, זיינען זיי געווען דירעקטע אַקציאָניסטען, דאָס, וואָס מיר מעגען רופען נעגאַטיווע דירעקטע אַקציאָניסטען. און די פוריטאַנער, וועלכע זיינען געווען פּאָליטישע אַקציאָניסטען, האָבען אָנגענומען געזעצע נעגען זיי, געזעצע זיי אַרויס צו שיקען, צו בעשטראָפען, צו אַרעסטירען, צו פיינינען און, ענדליך, צו הענגען זיי. און די קווייקערס האָבען בלויז געהאַלטען אין איין קומען (וואָס דאָס איז שוין געווען אַ פּאָזיטיווע דירעקטע אַקציאָן). און די געשיכטע דערצעהלט, דאָס נאָך דעם ווי פיער קווייקערס זיינען אויפגע־האַנגען געוואָרען און ווי מאַרגאַרעט ברייוסטער איז געש־מיסען געוואָרען און איז געשלעפּט געוואָרען ביי'ן עק פון אַ וואָגען דורך די גאַסען פון באָסטאָן, האָבען די פו־

ריפּאָנער איפגעגעבען זייער ארבייט פון שטיל צו מאכען די „נייע סיססיאָנערען", „דאָס די איינגע'עקשנ'טקייט פון די קווייקערס אין זייער ניט-וועהרען זיך האָט ענד־ליך געזיעגט".

אַ צווייטער ביישפּיעל פון דירעקטער אַקציאָן אין דעם אָנפאַנג פון דער געשיכטע פון די קאָלאָניעס, און דיעזעס מאָל, שוין גאָר ניט פון דעם פריעדליכען סאָרט, איז געווען דער פאַל, וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָ־מען „בעקאָנס רעבעלליאָן". אַלע אונזערע געשיכט-שריי־בער פערטהיידיגען אודאי די טהעטיגקייט פון די רעבעל־לען, ווייל, ווי דער אמת איז, זיינען זיי געווען גערעכט. און דאָך איז עס געווען אַ גאַנץ געוואַלטיגע דירעקטע אַקציאָן געגען די געזעצליך-געגרינדעטע אויטאָריטעט. צום גוטען פון די יענינגע, וועלכע האָבען פערגעסען די איינ־צעלהייטען פון דיעזער געשיכטע, לאָמיר זיי דאָ דערצעהלען.

די קאָלאָניסטען אין ווירדזשיניאַ האָבען מורא געהאַט פאַר אַן אַטאַקע פון די אינדיאַנער, און ניט אָהן אַ גרונד. זייענדיג מענשען, וואָס גלויבען אין פּאָליטישער טהעטיג־קייט, האָבען זיי פערלאַנגט, אָדער בעקאָן, זייער פיהרער, האָט פערלאַנגט, אַז די רעגיערונג זאָל איהם געבען אַן אויפטראַג צונויפצושטעלען אַ קאָמפּאַניע פון פרייוויליגע פאַר זייער אייגענע פערטהיידיגונג. דער גאָווערנאָר האָט מורא געהאַט, אַז אַזאַ קאָמפּאַניע פון בעוואַפענטע מענער, קען זיין גאָר פאַר איהם אַליין אַ סכנה, און אויך ניט אָהן אַ גרונד. ער האָט ענטזאַגט צו געבען דיעזע ערלויבניס. דאַן האָבען דיא קאָלאָניסטען זיך גענומען צום מיטעל פון דירעקטער אַקציאָן. זיי האָבען צוזאַמענ־געשטעלט אַ קאָמפּאַניע פרייוויליגע אָהן די ערלויבניס, און האָבען מיט ערפאָלג פערטריבען די אינדיאַנער. בעקאָן איז פון גאָווערנער ערקלערט געוואָרען אַלס פעררעטהער, אָבער ווייל דאָס פאָלק איז געווען מיט איהם, האָט דער

גאָווערנער מורא געהאַט צו מאַכען איהם אַ פּראָצעס. אַם ענדע אָבער איז עס אַזוי ווייט געקומען, דאָס די רעבעללען האָבען פערברענט דזשיימסטאָן, און עס וואָלט אַוועק גאָך פיעל ווייטער, ווען בעקאָן וואָלט ניט אַזוי פּלוצלינג געשטאָרבען. נאַטירליך, איז די פאָלגענדע רעאַקציע גע־ווען אַ מורא׳דיגע, ווי זי איז עס געוועהנליך, ווען אַן אויפ־שטאַנד פּלאַצט, אָדער ווערט אונטערדריקט. און דאָך זאָגאַר אין דיעזער קורצער צייט פון אויפשטאַנד און זיין ערפאָלג, האָט ער גוט געמאַכט אַלעס וואָס איז געווען שלעכט.

איך בּין גאַנץ זיכער, דאָס די פּאָליטישענס פון יע־נער צייט, נאָכדעם ווי די רעאַקציע איז ווידער געקומען צו איהר מאַכט, האָבען געמוזט טענה׳ן: „זעהט איהר, צו וועלכע צרות די דירעקטע אַקציאָן ברענגט אונז! זעהט, דער פּראָגרעס פון דער קאָלאָניע איז פערשטופּט געוואָ־רען אויף צוריק מיט 25 יאָהר!" דיזע פּאָליטיקער האָ־בען אָבער פערגעסען, דאָס ווען די קאָלאָניסטען וואָלטען זיך ניט גענומען צום מיטעל פון דער דירעקטער אַקציאָן וואָלטען זייערע שאַרבּענס געווען גענומען פון די אינדיאַ־נער מיט אַ יאָהר גיכער אַנשטאָט דעם, וואָס דער גאָווער־נאָר האָט אייניגע פון זיי אויפגעהאַנגען אַ יאָהר שפּעטער.

אין דער פּעריאָדע פון דער אַגיטאַציאָן און אויפרע־גונג, וועלכע איז פּאָראויסגעגאַנגען דער רעוואָלוציאָן, זיי־נען פאָרגעקומען אַלערליי סאָרטען פון דירעקטער אַקצ־יאָן, פון די פרידליכסטע ביז צו די העכסט־געוואַלטיגע. און איך גלויב, דאָס כמעט יעדער, וואָס שטודירט די געשיכ־טע פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, נעפינט, אַז דיעזער טהייל פון דער געשיכטע איז דער אינטערעסאַנטעסטער. עס איז דער טהייל, וואָס שניידט זיך אַם לייכסטען אַריין אין זיין זכרון.

צווישען די פריעדליכע טהעטיגקייטען זיינען געווען

די איינפֿערשטענדיגונג ניט צו אימפּאָרטירען קיין זאַך פון ענגלאַנד, די פעראייניגען, וואָס האָבען זיך פערפּליכטעט צו טראָגען נור קליידער פון היימישען טוך, און די קאָמיטעס פון „ניט קאָרעספּאָנדירען". אַז דער אונפערמיידליכער וואוקס פון פיינדליכקייט איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער, האָט זיך אויך ענטוויקעלט די געוואַלטיגע דירעקטע אַקציאָן, ווי, למשל, אין דעם ענין פון דער פערניכטונג פון רעווענױ־סטעמפּס, אָדער די טהעטיגקייט בנוגע צו די טהעע־שיפען, אָדער דערמיט, וואָס עס איז ניט צוגעלאָזען געוואָרען, אַז דער טהעע זאָל אַרונטער גענומען ווערען פון די שיפען, אָדער דערמיט, וואָס מען האָט איהם אַוועקגעלייגט אין אַ פייכטען פּלאַץ, אָדער דערמיט, וואָס מען האָט איהם נאָר אין גאַנצען אַריין געוואָרפען אין וואַסער, ווי אין באָסטאָן, אָדער דערמיט, וואָס מען האָט געצוואונגען דעם איינענטהימער פון דעם טהעע־שיף אָנצוצינדען זיין איינענע שיף, ווי דאָס איז געווען אין אַננאַפּאָלים. דאָס אַלץ זיינען טהעטיגקייטען, וועלכע אונזערע געוועהנליכסטע טעקסט־ביכער דערצעהלען, און, נאַטירליך, ניט פערדאַמענדיג עס, חאָטש זיי זיינען אַלע — פעלע פון דירעקטער אַקציאָן געגען די געזעצליך־געשטעלטע אויטאָריטעט און געגען דעם איינענטהומס־רעכט. ווען איך מאַך אויף זיי אויפמערקזאַם און אויף עהנליכע טהעטיגקייטען, איז עס נור, אום צו בעווייזען די יענינע, וועלכע קענען בלויז ווידערהאָלען דאָס, וואָס אַנדערע זאָגען, אַז דירעקטע אַקציאָן איז אימער־צו געברויכט געוואָרען און האָט די היסטאָרישע הסכמה פון דעם זעלבען פאָלק, וועלכער פערדאַמט זיי איצט. דזשאָרזש וואַשינגטאָן, הייסט עס, איז געווען דער פיהרער פון דער „ניט־אימפּאָרטאַציאָנס־פעראיינדונג" פון די קאָלאָניסטען פון ווירדזשיניאַ. איצט וואָלט

ער מסתמא נעקראָגנען אַן אינדזשאָנקשאָן פון אַ געריכט, פון צו היטען זיך צו בילדען אַזאַ פערבאַנד. און ווען ער וואָלט עס דאָך געטהאָן, וואָלט ער בעשטראָפט געוואָרען פאַר פעראַכטונג פון געריכט.

ווען דער גרויסער קאַמפף צווישען דער נאָרד און דער סאַוטה איז געוואָרען אַלץ הייסער און הייסער, איז עס ווי־דער געווען די דירעקטע אַקציאָן, וועלכע איז געקומען פאַר דער פּאָליטישער אַקציאָן, און איך מוז דאָ בעמערקען, אַז די פּאָליטישע טהעטיגקייט ווערט קיינמאָל ניט פאָרגענו־מען און אויסגעפיהרט, ביז די דרעמלענדע מוחות ווערען ניט אויפגעוועקט צוערשט פון דירעקטע אַקטען פון פּראָ־טעסט נעגען די עקזיסטירענדע פערהעלטניסע.

די געשיכטע פון דער אַנטי־שקלאַפעריי־בעוועגונג און פון דעם בירגער־קריעג איז איינער פון די גרעסטע פּאַראַ־דאָקסען, חאָטש די געשיכטע אין אַלגעמיין איז אַ קייט פון פּאַראַדאָקסען. רעדענדיג פּאָליטיש, זיינען עס געווען די שטאַאַטען, וואָס האָבען אויפגעהאַלטען די שקלאַ־פעריי, וועלכע זיינען געווען צו גונסטען פון גרעסערער פריי־הייט, צו גונסטען פון דער זעלבסט־שטענדיגקייט פון דעם איינצעלנעם שטאַאַט געגען די אַריינמישונג פון דער רעגיע־רונג פון די פעראייניגטע שטאַאַטען; פּאָליטיש ריידענדיג, זיינען עס געווען די שטאַאַטען, וואָס זיינען געווען געגען שקלאַפעריי, און וועלכע האָבען אויך ניט געהאַט די אינ־סטיטוציאָן פון שקלאַפעריי, וועלכע זיינען געווען פאַר אַ שטאַרקע צענטראַליזירטע רעגיערונג, וועלכע ווי די "אָבשפּאַלטער" האָבען גע'טענה'עט, און מיט פולען רעכט, מוז זיך אַלץ ווייטער און ווייטער ענטוויקלען צו אַלץ מעהר און מעהר טיראַנישע פאָרמען, וואָס האָט אויך פּאַסירט. זייט דער ענדע פון דעם בירגער־קריעג איז פאָרטוועהרענד פאָר־געקומען די פערכאַפּונג דורך די צענטראַלע מאַכט פון דאָס וואָס איז פריהער געווען די זאַך פון יעדען שטאַאַט בעזונ־

דער. די וויידזש־שקלאַפען און זייערע קעמפפע פון היינט צו טאָג ווערען אימער געבראַכט אין צוזאַמענשטויס מיט דיזער פעדעראַלער מאַכט. געגען וועלכע דער שקלאַפען האַלטער האט פראטעסטירט (מיט פרייהייט אויף זיינע ליפען מיט שקלאַפעריי אין זיין האַרץ).

רעדענדיג ווידער פון דעם שטאַנד־פונקט פון מאָראַל, זיינען עס געווען די שטאַאַטען, וואָס האָבען ביי זיך ניט געהאַט קיין שקלאַפעריי, וועלכע זיינען געשטאַנען פעסט פאַר אַ בּרייטערע מענשליכע פרייהייט, וועהרענד די „אַב־שפּאַלטער"*) זיינען געווען פאַר ראַסען שקלאַפעריי. אָבער אויף אַן אַלגעמיינעם אופן בּלויז; דאס הייסט, אַ מאַיאָ־ריטעט פון די נאָרד מענשען, ניט זייענדיג געוואוינט צו דערווירקליכקייט פון נעגער־שקלאַפעריי אַרום זיי, האָבען געטראַכט, אַז דאָס איז וואַהרשיינליך געווען אַ טעות, און דאָך זיינען זיי ניט געווען אין אַ גרויסער היילעניש איהר אָבצושאַפען. בּלויז די אָבּאָליציאָניסטען, און דיזע זיינען געווען, פערהעלטניסמעסיג, גאַנץ ווייניג, זיינען געווען די אמת'ע מאָראַליסטען, פאַר וועמען די שקלאַפעריי זעלבּסט — ניט צושפּאַלטונג אָדער פעראייניגונג — איז געווען די הויפּט־פראַגע. און ווירקליך, אַזוי הויפּט־וויכטיג איז זי פאַר זיי געווען, דאָס אַ היבּשע צאָהל פון זיי זיינען געווען פאַר די אויפלייזונג פון דער יוניאָן, פערטהיידיגענדיג, דאָס די נאָרד זאָל נעהמען די איניציאַטיווע אין דער אויפ־לעזונג־טהעטיגקייט, כדי די נאָרד מענשען זאָלען ניט דאַר־פען טראָגען אויף זיך די שאַנדע און דעם פאָרוואורף, דאָס זיי האַלטען די ניגערס אין קייטען.

געוויס זיינען געווען אַלערליי סאָרטען מענשען מיט אַלערליי טעמפּעראַמענטען צווישען די יעניגע, וועלכע האָ־

*) אויף ענגליש „סעסעשיאָניסט," אַזוי האָבען זיך גערופען די שטאַאַטען, וועלכע האָבען זיך אָבגעשפּאָלטען פון דער יוניאָן, פון די פער־פעראייניגטע שטאַאַטען.

בען פערטהיידיגט די אָבשאַפונג פון שקלאַפעריי. עס זיינען געוועזען קוויקערס, ווי וו ה י ט י ע ר (און אין דער טהאַט, דאָס זיינען די קוויקערס, וואָס ווילען דעם פריעדען, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער פרייז, וועלכע האָבען גאָר די ערשטע שוין אַגיטירט געגען די נעגער־שקלאַפעריי)׳ עס זיינען געוועזען אויך געמעסיגטע פּאָליטישע אַקציאָניסטען, וועלכע האָבען פאָרגעשלאָגען אָבצוקויפען די שקלאַפען, אַלס דעם בעסטען און ביליגסטען וועג, און עס זיינען אויך געוועזען שטאַרקע געוואַלט־מענשען, וועלכע האָבען געגלויבט אין געוואַלט, און טאַקי איהר אויך פּראַקטיצירט.

וואָס אנבעטרעפט דאָס, וואָס די פּאָליטיקער האָבען געטהאָן, איז דאָס איין לאַנגער צעטעל פון 30 יאָהר פון פשרה־מאַכעריי, פון פערהאַנדלען, און פון פּרובירען אויפצוהאַלטען דאָס, וואָס עס איז געוועזען, ווי עס איז געוועזען, פון צו־צו־וואַרפען ביינדלאַך צוביידע זייטען, ווען די פערהעלטניסע האָבען געפאָדערט, אַז עטוואָס זאָל געטאָן ווערען, אָדער, אַז עס זאָל געמאַכט ווערען אַן אָנשטעל, אַז עפּעס ווערט געטהאָן. אָבער דער שיקזאַל איז געוועזען געגען שקלאַפעריי. די סיסטעם איז אין זיך צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען און די דירעקטע אַקציאָניסטען פון דרויסען האָבען אַלץ ברייטער געמאַכט די שפּאַלטען אין די ווענט פון דער שקלאַפען־געביידע.

צווישען די פערשיעדענע אויסדריקע פון דירעקטער רעבעלליאָן איז געוועזען די אָרגאַניזאַציאָן פון דעם „אונטער־אירדישען אייזענבאַהן״. די מייסטע מענשען, וועלכע האָבען געהערט צו איהר האָבען געגלויבט אין ביידע סאָרטען טהעטיגקייט. אָבער ווי שטאַרק זיי האָבען טהעאָרעטיש געגלויבט אין דאָס רעכט פון דער מאַיאָריטעט צו פערפאַסען און דורכצופיהרען געזעצע, האָבען זיי אָבער עס ניט געגלויבט אין דעם פונקט פון שקלאַפעריי. מיין זיידע איז געוועזען אַ מיטגליעד פון דיזער אָרגאַניזאַציאָן. גאָר פיעלע אַנ־

טלויפענדע שקלאַפען האָט ער געהאָלפען אויף זייער וועג צו קאַנאַדאַ. ער איז געווען אַ זעהר געדולדיגער, געזעץ־געהאָר־כענדער מאַן, אין פיעלע הינזיכטען, חאָטש איך האָב אָפט געטראַכט, דאָס ער האָט רעספעקטירט דאָס געזעץ וואהר־שיינליך דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט זעהר וועניג צו טהאָן מיט איהם, פיהרענדיג שטענדיג אַ לעבען פון אַ פיאָ־ניער, איז דאָס געזעץ אין אַלגעמיין געווען גאַנץ ווייט פון איהם, און דירעקטע אַקציאָן איז פאַר איהם געווען אַ מוז־זאַך. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, און ווי גרויס עס האָט גע־מעגט זיין אַכטונג פאר דעם געזעץ, האט ער אָבער ניט געהאַט דעם מינדעסטען רעספעקט פאַר די שקלאַפעריי־גע־זעצע, אפילו ווען זיי זיינען געמאַכט בײַ אַ צעהן מאָל מאַ־יאָריטעט, און ער האָט גאַנץ געוויסענהאַפט געבראָכען, יע־דען איינציגען געזעץ, וואָס איז איהם אויסגעקומען.

עס זיינען געווען צייטען, ווען אין דער טהעטיגקייט פון דעם „אונטער־אירדישען אייזענבאַהן" איז נויטווענדיג געווען געוואַלט, איז זי אויך אָנגעווענדעט געוואָרען. איך דערמאָן זיך אָן אַ געשיכטע, וואָס אַן אַלטע פריינדין האָט מיר דער־צעהלט ווי אַזוי זי און איהר מוטער האָבען געוואַכט אַ גאַנ־צע נאַכט בײַן טהיר, ווערענד אַ שקלאַף, וועמען מען האָט געהאַלטען אין איין זוכען, איז געווען פערבעהאַלטען אין זיי־ער קעלער. און חאָטש זיי בײדע האָבען געשטאַמט פון די קוויקערס און זייערע געפיהלען זיינען געווען געגען געוואַלט, דאָך איז געווען אָנגעגרייט אַ ביקס אויפ'ן טיש. גליקלי־כער־ווייזע האָט דער ביקס ניט געדאַרפט געבּרויכט ווערען יענע נאַכט.

ניט לאַנג צוריק האָב איך געלעזען אַ בריעף אין דעם ׳שיגאַגאָ דעילי סאָשעליסט׳, פון דעם סעקרעטאַר פון דעם לואיזווילער לאָקאַל פון דער סאָציאַליסטישער פאַר־טיי צו דעם נאַציאָנאַל־סעקרעטאַר, פערלאַנגענדיג, דאָס אַנשטאָט פראַנק באָהן, וואָס איז געווען אַנאָנסירט אַלס

רעדנער אין זייער שטאָט, זאָל מען שיקען אַן אַנדער רעדנער, וואָס איז ניט משוגע און געפערליך. מר. דאָבבס, דער סעקרעטאַר, ברענגט די פאָלגענדע ציטאַטען פון באָהן׳ס רעדע: „וואָלטען די מעקנאַמאַראַס געווען ערפאָלג־רייך אין זייער פערטהיידיגונג פון די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער־קלאַס, וואָלטען זיי געווען גערעכט פונקט ווי דזשאַהן בראון וואָלט געווען גערעכט, ווען ער וואָלט געהאַט ערפאָלג אין בעפרייען די שקלאַפען. אונוויסענ־הייט איז געווען דער איינציגער פערברעכען פון דזשאַהן בראון און אונוויסענהייט איז דער איינציגער פערברעכען פון די מעקנאַמאַראַס״. אויף דעם מאַכט מר. דאָבבס אַזאַ מין פירוש: „מיר בעשטרייטען אויסדריקליך די בעהויפּ־טונגען, וואָס זיינען דאָ געמאַכט געוואָרען. דער פערזוך צו ציהען אַ פּאַראַלעל צווישען דער אָפענער — ווען זאָ־גאַר אירטהימליכער — רעבעלליאָן פון דזשאַהן בראון פון איין זייט און די געהיימע און די מערדערישע מעטאָדען פון די מעקנאַמאַראַס אויף דער אַנדערער זייט, בעווייזט ניט נור אַן אויבערפלעכליכען דענקען נור אַ העכסט-געע־פעהרליכען דורך די שלוס-פאָלגערונגען, וועלכע קענען גע־צווינגען ווערען פון אַ זעלכע בעהויפּטונגען.״

עס איז קלאָר, דאָס מר. דאָבבס איז זעהר אונוויסענד איבער דעם לעבען און טהעטיגקייט פון דזשאַהן בראון. דשאַהן בראון איז געווען אַ געוואַלט־מענש. ער וואָלט צו־ריקגעוויזען מיט צאָרן אירגענד וועמעס פערזוך צו מאַכען מענשען דענקען, אַז ער איז געווען עטוואָס אַנדערעס. און ווען אַ מענש גלויבט אין געוואַלט, איז עס פאַר איהם בלויז אַ פראַגע, אויף וועלכען אופן וועט עס אַם שטאַרקסטען ווירקען. און דיזעס קען נור בעשטימט ווערען דורך די קענטניס פון די אומשטענדען און דורך די מיטלען, וואָס איי־נער האָט פאַר די אויספיהרונג פון זיינע פּלענער. דזשאַהן בראון האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעשראָקען פון קאָנספּיראַ־

טיווע מעטאָדען. די יעניגע, וועלכע האָבען געלעזען די אויטאָביאָגראַפיע פון פרעדעריק דוגלאַס און די מעמואַרען פון לוסיקאָלמאַן, וועלען זיך דערמאָנען, דאָס איינער פון די פּלענער, פערטראַכט פון דזשאָהן בּראון, איז געווען צו אָר־גאַניזירען אַ קייט פון בּעוואַפענטע לאַגערען אין די בּערג פון ווערסט ווירדזשיניאַ, צו שיקען געהיימע שלוחים צווישען די שקלאַפען, אויפרייצען זיי צו אַנטלויפען אין דיזע לאַגערען און דאָרט אָננעהמען אַזעלכע מיטלען, וועלכע די צייט און די אומשטענדען וועלען פאָרדערען, אום אַרויסצורופען אַ ווייטערע רעבּעלליאָן צווישען די נעגערס. דאָס דיזער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבּען, איז עס געווען נור דערפאַר, ווייל דער פערלאַנג נאָך פרייהייט איז געווען זעהר שוואַך צווי־שען די שקלאַפען גופא.

שפּעטער, ווען די פּאָליטישענס אין זייער אונענדליכע פעהיגקייט צו טהאָן אַלעס קרום, האָבען צונויפגעמייסט־רעוועט אַ פרישען פּלאַן, ווי דאָס ניט צו־טהאָן, וועלכער איז בּעקאַנט אונטער דעם נאָמען „דער קענזעס־נעבּראַסקאָ־אַקט", און וועלכער האָט איבּערגעלאָזען די פראַגע פון שקלאַ־פעריי פאַר די קאָלאָניסטען צו ענטשיידען, האָבען די דירעק־טע אַקציאָניסטען פון בּיידע זייטען געשיקט כלומר׳שטדיגע קאָלאָניסטען אין די טעריטאָריע, וועלכע האָבען עס געזאָלט פיהרען דעם קאַמפּף וועגען דעם, צו יע, צו ניט קיין שקלאַ־פעריי. די, וועלכע זיינען געווען פאַר שקלאַפעריי, און וועל־כע זיינען די ערשטע אָנגעקומען, האָבען אויף שנעל פער־פאַסט אַ קאָנסטיטוציע, וואָס אַנערקענט שקלאַפעריי, און האָבען פערפאַסט אַ געזעץ, וואָס האָט בּעשטראָפט מיט טוידט אירגענד איינעם, וועלכער האָט געהאָלפען אַ שקלאַף צו אַנטלויפען. אָבער די „פרייע־בּאָדען־מענשען", די, וועל־כע זיינען געכומען אַ בּיסעל שפּעטער, ווייל זיי זיינען געקו־מען פון פיעל ווייטערע שטאַאַטען, האָבען געמאַכט אַ צוויי־טע קאָנסטיטוציע, און האָבען זיך ענטזאַגט גאָר אין גאַנצען

צו אַנערקענען די גענעצע פון דער אַנדערער פּאַרטיי. און דזשאַהן בּראון איז דאָרט געווען, נעהמענדיג אַנטהייל אין דער גאַנצער געוואַלט־טהעטיגקייט, קאָנספּיראַטיווע, אָדער עפענטליכע; ער איז געווען „אַ פערד־גנב און אַ מערדער" אין די אייגען פון די אַנשטענדיגע, פריעדליכע פּאָליטישע אַק־ציאָניסטען. און עס איז גאָר קיין ספק ניט, דאָס ער האָט גע'גנב'עט פערד, קיינעם ניט לאָזענדיג וויסען וועגען דעם, אַז ער גייט זיי גנב'ענען, און דאָס ער האָט געטויט מענשען, וועל־כע זיינען געווען פאַר שקלאַפעריי. ער האָט אַזוי געהאַנדעלט גאַנץ אָפט, ביז זיין לעצטען פערזוך אויף האַרפּער'ס פעררי. אויב ער האָט ניט געבּרויכט קיין דינאַמיט, איז עס דערפאַר, ווייל דינאַמיט איז נאָך דאַן ניט ערשינען, אַלס אַ פּראַקטי־שע וואַפע. ער האָט אויסגעפיהרט פיעל מעהר אַבּזיכט־ליכע אַטאַקעס אויף מענשליכע לעבענס, ווי די בּרידער מעקנאַמאַראַס, ווען דער סעקרעטאַר דאָבּבּס פערדאַמט פאַר זייערע „מערדערישע מעטאָדען". און דאָך די געשיכ־טע האָט ניט פערפעהלט צו פערשטעהן דזשאַהן בּראון. די מענשהייט וויים, דאָס חאָטש ער איז געווען אַ געוואַלט־מענש, מיט מענשליכע בּלוט אויף זיינע הענד, וועלכער איז געווען שולדיג אין הויך־פעררעטה און איז פאַר דעם אויפגע־האַנגען געוואָרען, דאָך איז זיין נשמה געווען אַ גרויסע, אַ שטאַרקע, אַ זעלבסטלאָזע נשמה, וועלכע האָט ניט געקאָנט פערטראָגען דעם שרעקליכען פערבּרעכען, וועלכער האָט געהאַלטען 4 מיליאָן מענשען, ווי שטומע חיות, און האָט בּעשלאָסען, דאָס צו ערקלערען אַ מלחמה געגען דעם איז אַ הייליגע, אַ געטליכע פליכט. (דזשאַהן בראון איז געווען אַ שטאַרק רעליגיעזער מענש, אַ פּרעסביטעריאַנער).

אָט דורך און צוליעב די דירעקטע אַקטען פון די אָנ־זאָגער פון אַ סאָציאַלער ענדערונג, צו זיי זיינען פון אַ פריעד־ליכער, אָדער געוואַלטיגער נאַטור, ווערט דער מענשליכער געוויסען, דער געוויסען פון דער מאַסע, אויפגעוועקט צו

דער נויטוועגדיגקייט פון אַן ענדערונג. עס וואָלט געווען זעהר נאַריש צו זאָגען, דאָס גאָר ניט גוטעס קומט קיינמאָל ניט אַרויס פון פּאָליטישער טהעטיגקייט. מאַנכעס מאָל ווערט געטהאָן עטוואָס גוטעס אויך אויף דיזען וועג, אָבער דאָס פּאַסירט דאַן, ווען די איינצעלנע רעבעלליאָן, געפּאָלגט פון אַ מאַססען־רעבעלליאָן, האָט געצוואונגען דערצו. די דירעקטע אַקציאָן איז אימער־צו דער איניציאַטאָר, דורך וועלכען די גרויסע מאַסע גלייכגילטיגע קומט צום בעוואוסט־זיין, דאָס די אונטערדריקונג איז שוין אינערטרעגליך.

מיר ליידען איצט פון אַ שקלאַפעריי אין לאַנד, און ניט נור אין דיזען לאַנד, נור אין אַלע יענע טהיילען פון דער וועלט, וועלכע געניסען די זעהר צווייפעלהאַפטע ברכה פון ציוויליזאַציאָן, און פונקט ווי די נעגער־שקלאַפעריי, אַזוי האָט אויך אונזער שקלאַפעריי אַרויסגערופען אין לעבען ביידע סאָרטען טהעטיגקייט, די דירעקטע אַקציאָן און די פּאָליטישע. אַ געוויסער פּראָצענט פון אונזער בעפעל־קערונג (און וואַהרשיינליך אַ פיעל קלענערער פּראָצענט, וויפיעל די פּאָליטישענס זיינען געוועהנט אָנצוגעבען אויף זייערע מאַססענפערזאַמלונגען), בעשאַפט דעם מאַטעריעלען רייכטהום, אויף וועלכען מיר אַלע איבעריגע לעבען; פונקט, ווי די 4 מיליאָן נעגער־שקלאַפען האָבען אויפגעהאַלטען די גאַנצע מאַסע פּאַראַזיטען אויף זיך. דיזע זיינען די לאַנד און פעקטאָרי־אַרבייטער.

דורך די ווירקונג פון אינסטיטוציאָנען, וועלכע קיינער פון אונז האָט ניט בעשאַפען, נור האָט געפונען זיי עקזיס־טירענדיג, ווען ער איז געקומען אַהער, זיינען די אַרבייטער דער אַבסאָלוט וויכטיגסטער טהייל פון דער גאַנצער סאָצי־אַלער געביידע, אָהן וועמעס אַרבייט קיינער וואָלט ניט גע־האַט ניט קיין נאַהרונג, ניט קיין קליידונג און ניט קיין הויז צו וואוינען, גראַדע די יעניגע, וואָס בעקומען דאָס ווענינ־סטע צום עסען, צו קליידען זיך און דאָס ווענינסטע פון אַ

היים, שנין ניט רעדענדיג פון זייער מהייל פון די אַנדערע סאָציאַלע נוצען, מיט וועלכע די איבעריגע פון אונז האָבען עס נעדאַרפט זיי פערזאָרגען, ווי ערציהונג, למשל, אָדער אַרטיסטישען גענוס.

דיזע אַרבייטער האָבען אויף אַזאַ אָדער אַנאַנדער אופן פעראייניגט זייערע קרעפטען, אום צו זעהן, וואָס פאַר אַ פערבעסערונג פון זייער לאַגע זיי קענען אויספיהרען — צוערשט דורך די דירעקטע אַקציאָן, און דאַן דורך די פּאָלי־טישע אַקציאָן. מיר האָבען דאָ גענאָמען אַלערליי אַרבייטער־פערבאַנדען: די גראַנדזש, די פאַרמער אַלייען, די קאָאָפּע־ראַטיווע פעראייניגונגען, קאָלאָניזאַציאָן, עקספּערימענטען, נייטס אָוו לייבאָר, טרייד־יוניאָנס און די אינדאָסטרעל וואָר־קערס אָוו דהי וואָרלד. זיי אַלע זיינען אָרגאַניזירט געוואָ־רען מיט דעם צוועק אַרויסצוקוועטשען פון די בעלי־בתים אויף דעם עקאָנאָמישען געביט אַ ביסעל אַ בעסערען פּרייז, אַ ביסעל בעסערע בעדינגונגען, עטוואָס קירצערע שטונדען, אָדער, פון דער אַנדערער זייט, צו וועהרען זיך געגען אַ פער־מינדערונג פון פּרייז, געגען אַ פערערגערונג פון די פער־העלטניסע אָדער לענגערע אַרבייטס־שטונדען. קיינע פון זיי האָט ניט פערזוכט צו געפינען אַן ענדליכע לייזונג פון דער סאָציאַלער מלחמה. קיינער פון זיי אַ חוץ די „אינ־דאָסטריעל וואָרקערס", האָט אַנערקענט, אַז עס איז דאָ אַ סאָציאַלער קריעג, וואָס איז אויך אונפערמיידליך אַזוי לאַנג, ווי די איצטיגע געזעצליכע און סאָציאַלע פערהעלטניסע וועלען אָנהאַלטען. זיי האָבען אָנגענומען די איינענטהום־אינסטיטוציאָנען, ווי זיי האָבען זיי געפונען. דיזע אַלע פעראייניגונגען זיינען בעשטאַנען פון דורכשניטס־מענשען מיט דורכשניטליכע פערלאַנגען, און זיי האָבען זיך אונטער־נומען צו טאָהן דאָס, וואָס לויט זייער מיינונג, איז געווען מעגליך און פערנינפטיג. זיי האָבען ניט געשוואָרען אויף אַ בעשטימטער פּאָליטישער פּראָגראַם, ווען זיי האָבען זיך

אָרגאַניזירט, נור זיי האָבען זיך פעראייניגט פאַר דירעקטער אַקציאָן פון זייער אייגענער איניציאַטיווע, אַ דירעקטע אַק־ציאָן פון אַ פּאָזיטיווען אָדער נעגאַטיווען כאַראַקטער.

אָהן צווייפעל האָבען געמוזט זיין און עס זיינען אויך דאָ צווישען דיזע אַלע אָרגאַניזאַציאָנען מענשען, וועלכע קוקען העכער, ווי די באַלדינע, פּראַקטישע פאָרדערונגען, וועלכע זעהען, דאָס די שטענדיגע ענטוויקלונג פון די קרעפ־טע, וועלכע ווירקען איצט, מוז אַרויסברענגען אַזעלכע פערהעלטניסע, צו וועלכע עס איז אונמעגליך, אַז דאָס לע־בען זאָל זיך אונטערוואַרפען, און געגען וועלכע דאָס לעבען וועט פּראָטעסטירען און געוואַלטיג פּראָטעסטירען; דאָס עס מוז אַזוי טהאָן, אָדער אין גאַנצען אונטערגעהן. און אַזוי ווי עס איז געגען די נאַטור פון לעבען זיך אונטערצו־געבען אָהן אַ קאַמפף, וועט עס ניט שטאַרבען אונטערטהע־ניג און שטיל. מיט צוויי און צוואַנציג יאָהר צוריק האָב איך זיך בעגעגענט מיט די מענשען פון דער פאַרמער אַל־לייענס, וועלכע האָבען אַזוי גע׳טענה׳עט, מיט נייטס אָוו לייבאָר־מענשען, וועלכע האָבען דאָס זעלבע געזאָגט, און מיט טרייד יוניאָניסטען, וועלכע האָבען דאָס זעלבע געזאָגט. זיי האָבען פערלאַנגט גרעסערע ציעלען, ווי די פון זייערע אָרגאַניזאַציאָנען, אָבער זיי האָבען זיך געמוזט רעכענען מיט זייערע ברידער־מיטגליעדער, ווי זיי זיינען געווען, און גע־טהאָן אַלעס, וואָס זיי האָבען געקאָנט, אום אויפצוטרייסלען זיי צו אַרבייטען פאַר זאַכען, וועלכע זיי האָבען יאָ געקאָנט פערשטעהען. און דאָס, וואָס זיי האָבען געקאָנט זעהען, איז געווען: גרעסערע פּרייזען, קירצערע שטונדען, וועניגער טיראַנישע אַרבייטס־פערהעלטניסע. אויף דער שטופע פון ענטוויקלונג, ווען דיזע בעוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָבען די לאַנד־אַרבייטער ניט געקאָנט איינזעהן, דאָס זייער קאַמפף האָט אַ שייכות מיט די אַרבייטער אין די פעקטאָריעס אָדער מיט די טראַנספּאָרט־אַרבייטער. אויך

האָבען די לעצטע ניט געזעהן, אַז זייער קאַמפּף זאָהל האָבען עפּעס-אַ שיכות מיט דעם קאַמפּף פון די פאַרמער. און ווי דער אמת איז, אפילו איצט זעהען עס נאָך גאַנץ ווענינע. זיי דאַרפען נאָך ערשט לערנען, אַז עס איז דאָ איין גע־מיינשאַפטליכער קאַמפּף געגען די יעניגע, וועלכע האָבען פערכאַפּט די ערד און די מאַשינען.

אונגליקליכערווייזע האָט די גרויסע פאַרמער־אָרגאַ־ניזאַציאָן זיך אַליין שוואַך געמאַכט און דאַן זיך פער־ניכטעט גאָר אין גאַנצען דורך איהר נאַרישען יאָגען־זיך נאָך פּאָליטישער מאַכט. זי האָט געהאַט גאָר אַ נישט־קשה׳דיגען ערפאָלג אין דיזער הינזיכט אין געוויסע שטאַאַטען, אָבער די קאָורטס האָבען ערקלערט זייערע געזעצע אַלס ניט קאָנסטיטוציאָנעל, און דערמיט איז אויס־געגראָבען געוואָרען דער קבר פאַר אַלע זייערע פּאָליטישע זיגע. דער אָרגינעלער פּלאַן פון דיעזען-פאַרמער־פער־באַנד איז געווען צו בויען זיינע אייגענע עלעווייטאָרס, וואו זיי זאָלען האַלטען אין זאַפּאַס זייערע פּראָדוקטען, צוריק־האַלטענדיג זיי פון דעם מאַרקעט, ביז זיי וועלען קענען בעפרייט ווערען פון דעם ספּעקולאַנט. זיי האָבען אויך גע־פּלאַנעוועט די אָרגאַניזירונג פון אייגענע בענק, וועלכע זאָ־לען זיי אַרויסגעבען קרעדיט־בילעטען פאַר די אַריינגע־לעגטע פּראָדוקטען. וואָלט דער פערבאַנד זיך פעסט געהאַלטען ביי דיזען פּלאַן פון דירעקטער, געגענזייטיגער הילפע, וואָלט ער לכל הפחות, ווענינסטענס פאַר אַ געווי־סע צייט, געגעבען אונז אַן אילוסטראַציאָן, ווי אַזוי די מענ־שען קענען זיך בעפרייען פון דעם באַנקיר און דעם קרע־מער. געוויס, וואָלט עס סוף כל סוף געמוזט פאַלען, סיידען עס וואָלט אַזוי רעוואָלוציאָניזירט די מענשליכע מחות, דורך דעם ביישפּיעל, אַז עס וואָלט געפיהרט צום אומ־שטורץ פון דעם געזעצליכען מאָנאָפּאָל פון לאַנד און געלד; ווענינסטענס וואָלט עס געהאַט אויסגעפיהרט אַ

גרויסען ערציערישען צוועק. ווי די מעשה איז, האָט דיזער פערבאַנד זיך אָנגעהויבען יאָגען נאָך אַ שאָטען, און איז דערפאַר צו גרונד געגאַנגען.

די נייטס אָוו לייבאָר איז געוואָרען כמעט ווי אונבע־דייטענד און מאַכטלאָז ניט דערפאַר, ווייל זי האָט פער־פעלט זיך צו בענוצען מיט דער דירעקטער אַקציאָן, אויך ניט צוליעב איהר פערצעפּענען זיך מיט פּאָליטיק, נור הויפּטזעכליך דערפאַר, ווייל עס איז געווען אַ פערשיעדענ־אַרטיגע מאַסע אַרבייטער, וועלכע האָבען ניט געקענט פעראייניגען זייערע אָנשטרענגונגען אַזוי, אַז זיי זאָלען האָבען אירגענד אַ קענטיגע ווירקונג.

די טרייד יוניאָנס זיינען געוואָרען שטאַרק אַרום די זעלבע צייט, ווען די נייטס אָוו לייבאָר איז געוואָרען שוואַך, און האָבען אָנגעהאַלטען, האָטש לאַנגזאַם, אָבער אָהן אַן אָבשטעל, זייער אַלץ גרעסערען וואוקס אין מאַכט. עס איז אמת, אַז דיזער וואַקסען איז ניט אימער געווען אַזוי שטענדיג, און איינצעלנע גרויסע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען געוואָרען אויפגעבויט און ווידער צופאַלען געוואָרען. אָבער אין גרויסען און גאַנצען זיינען די טרייד יוניאָנס גע־ווען אַ וואַקסענדע מאַכט. זיי זיינען עס געווען, ווייל אָרעם, ווי זיי זיינען, און אונגעניגענד ווי זיי זיינען, זיינען זיי דאָך געווען אַ מיטעל, דורך וועלכען אַ געוויסער טהייל אַרבייטער האָט געקענט אַרויס ווייזען דירעקט זיין מאַכט, אום צו קריגען פון זייערע בעלי־בתים האָטש נור אַ טהייל פון דעם, וואָס זיי האָבען פערלאַנגט פון דאָס, וואָס זייערע אומשטענדען האָבען זיי דיקטירט, אַז זיי מוזען קריגען. דער סטרייק איז זייער נאַטירליכע וואַפע, די יעניגע, וועלכע זיי האָבען אַליין געשמיעדט. עס איז דער דירעקטער קלאַפּ פון דעם סטרייק, פאַר וועלכען ניין מאָל פון צעהן דער באָס האָט מורא (נאַטירליך, זיינען דאָ פעלע ווען דער באָס איז צופרידען מיט אַ

סטרייק, אָבער דאָס איז גאַנץ זעלטען). און די אור־זאַכע, וואַרום ער האָט מורא פאַר אַ סטרייק, איז ניט אַזוי פיעל דערפאַר, ווייל ער דענקט, דאָס ער קען ניט געווינען, נור פשוט דערפאַר, ווייל ער וויל ניט זעהען אַן אונטערברעכונג אין זיינע געשעפטען. דער געוועהנלי־כער באָס האָט ניט פיעל מורא פאַר אַ „קלאַסענבעוואוסטזיין". עס זיינען דאָ גענוג שעפער, וואו איהר מעגט רעדען וועגען סאָציאַליזם אָדער אירגענד אַן אַנדער פּאָליטישע פּראָגראַם אַ גאַנצען טאָג לאַנג; אָבער, אויב איהר הגיבט אָן צו רעדען וועגען „יוניאָניזם", קענט איהר גלייך ערוואַרטען צו ווערען געסעקט, אָדער אין גינסטיגסטען פאַל, צו קריגען אַ וואַרנונג צו האַלטען מויל. וואַרום? ניט דערפאַר, ווייל דער באָס איז אַזוי קלוג און וויים, אַז פּאָליטיק איז אַ זומפּ, אין וועלכען דער אַרבייטער וועט פערזינקען, אָדער ווייל ער פערשטעהט, אַז דער פּאָ־ליטישער סאָציאַליזם ווערט גאָר גאַנץ ראַשיג אַ מיטעל־קלאַס־בעוועגונג. ניין, ניט דאָס. ער גלויבט טאַקע, אַז סאָציאַליזם איז אַ זעהר שלעכטע זאַך, אָבער ער איז דאָך אַזוי ווייט. פון דער אַנדער זייט אָבער וויים ער, דאָס ווען זיין שאַפּ ווערט אַ יוניאָן־שאַפּ, וועט ער האָ־בען צרות שוין באַלד. זיינע „הענד" וועלען ווערען רע־בעליש. ער וועט דאַרפען מאַכען נייע אויסגאַבען פאַר די פערבעסערונג פון זיין פעקטאָרי, ער וועט האָבען צו בעשעפטיגען אַרבייטער, וועלכע ער גלייכט ניט, און אין פאַל פון אַ סטרייק קען ער ערוואַרטען, אַז זיין מאַשינערי און זיין געביידע זאָלען אויף וועלכען עס־איז אופן שטאַרק בעשעדיגט ווערען.

עס ווערט אָפט געזאָגט, און פיעלע ווידערהאָלען עס אויף דעם שטייגער פון פּאָפּוגאַיען, דאָס די באָסעס זיינען קלאַסענבעוואוסט, דאָס זיי האַלטען זיך פעסט צוזאַמען פאַר זייערע קלאַסען־אינטערעסען, און דאָס זיי זיינען גיכער פער־

טינ צו ליידען אירנענד וועלכען פּערזענליכען פערלוסט און שאַדען, ווי צו זיין פאַלש צו זייערע געמיינשאַפטליכע אינ־טערעסען. די מעשה איז נאָר ניט אַזוי. די מאַיאָריטעט פון די געשעפטסלייט זיינען פונקט ווי די מאַיאָריטעט פון די אַרבייטסלייט. זיי טראַכטען פיעל, פיעל מעהר וועגען זייערע פּערזענליכע אינטערעסען, ווי וועגען די אינטערע־סען פון זייער קלאַס. און עס איז זיין פּערזענליכער פער־לוסט, וואָס דער באָס זעהט, ווען ער ווערט געסטראַשעט פון אַ יוניאָן.

נון ווייס יעדער, אַז אַ סטרייק, מאַכט ניט אויס נרויס צו קליין, מיינט אימער געוואַלט. קיין אונטערשיעד וואָס די אַרבייטער גלייכען בעסער פריעדען אָדער קריעג, אָבער אַ סטרייק איז דאָך אימער קריעג, מלחמה. אויב דאָס איז אַ טעלעגראַף־סטרייק, מיינט עס דאָס צושניידען פון די דראָ־טען און דאָס ברעננען פון כלומר׳שטדיגע סקעבס, וועלכע זאָלען קאַליע מאַכען די אינסטרומענטען; אויב דאָס איז אַ סטרייק אין אַ שטאָהל־מילל, מיינט עס דאָס שלאָגען פון סקעבס, דאָס ברעכען פון פענסטער און דאָס רואינירען פון קאָסטבאַרע ראָללערס און אַנדערע מאַשינעריע; אויב דאָס איז אַ מיינער סטרייק, מיינט עס די פערניכטונג פון די וועגען און בריקען און אויפרייסונג פון מיללען; אויב דאָס איז אַ קליידער־מאַכער־סטרייק, מיינט עס אַ פייער, פון וועלכען קיינער ווייס ניט, ווי ער איז געקומען אָדער דאָס וואַרפען פון שטיינער דורך די פענסטער, אָדער אַמאָל אַ שטיין אין דעם מאַנופעקטשורערס אייגענע קאָפּ; אויב עס איז אַ סטריט־קאַר־סטרייק, מיינט עס אויפגערי־סענע שינעס אָדער פערבאַריקאַדירטע מיט אַש־פעסלעך, מיט איבערגעקעהרטע וואָגענס און אַזוי ווייטער; אויב עס איז אַן אייזענבאַהן־סטרייק, מיינט עס „טוידטע אינזשינס״, פערבלאָנדזשעטע פּראַכטצינגע; אויב עס איז אַ בילדינג סטרייק, מיינט עס אויפגעריסענע געביידען. און שטענדיג

און איפּעראַל מיינט עס קעמפּפע צווישען סטרייק-ברעכער און סקעבּס געגען סטרייקער און סטרייק-סימפּאַטיזירער, צווישען דעם פאָלק און דער פּאָליציי.

פון דער זייט פון די באָסעס ווערען געבּראַכט אין אָנ-ווענדונג זוך-ליכטער. עלעקטרישע דראָטען, פּריזאָנס, בּול-פּענס, דעטעקטיווס און פּראָוואָקאַטאָרס, גוואַלד קידנעפּינג אין אַרויסווייזונג און יעדער מיטעל, וואָס זיי קענען נור אָנ-ווענדען פאַר די דירעקטע בּעשיצונג, אַחוץ דער ענדליכער אויפפאָרדערונג נאך הילפּע פון דער פּאָליציי, מיליץ, שטאַאַט קאָנסטאַבּולערי און רעגיערונגס-סאָלדאַטען.

יעדער ווייס דאָס, יעדער שמייכעלט, ווען יוניאָן-בּעאַמטע ערקלערען, אַז זייערע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען פריעדליכע און געזעצליעבּענדע, ווייל יעדער ווייס, אַז זיי זאָגען פּשוט ליגען; זיי ווייסען אַז געוואַלט ווערט גע-בּרויכט סיי אָפען און סיי געהיים. און זיי ווייסען, אַז זי ווערט געבּרויכט, ווייל די אַרבּייטער קענען זיך אַנדערש ניט העלפען, ווען זיי ווילען ניט גלייך אויפגעבּען זייער קאַמפּף. אויך קענען זיי ניט פערבּיטען ווערען אויף יענע פערניכ-טענדע משוגעים, וועלכע טהוען עס אויס ליעבּע צו קונסט. די אַרבּייטער טהוען עס, ווייל זיי זיינען געצוואונגען דערצו. די מענשען אין אַלגעמיין פערשטעהען, דאָס זיי טהוען דיזע זאַכען צוליעבּ די שטרענגע לאָגיק פון אַ לאַגע, וועל-כע זיי האָבּען ניט בּעשאַפען אָבּער וועלכע צווינגט זיי צו דיזע אַטאַקען, אום צו קענען לעבּען, און אויף ניט, אום צו אונטערגעהן אין דעם טיעפען זומפּ פון אָרימקייט, וועל-כע-לאָזט דעם טויט צו געפינען-זיי אין דעם האָספּיטאַל פאַר-אָרימע, אָדער אין גאַס, אָדער אין-טייך. דאָס איז די שרעקליכע בּרירה, וואָס די אַרבּייטער האָבּען, און דאָס איז עס,-וואָס מאַכט-די צאַרטעסטע, די גוטהערציג-סטע מענשען, וועלכע זיינען בּערייט צו העלפען און צו פערלייכטערען די ליידען פון אַ פערוואונדעטען הונד, אָדער

צו ברענגען אין הויז אַ פערבלאָנדזשעטע קעצעלע, אָדער אָבצוטרעטען אָן אַ זייט און אויסצומיידען אַרויפצוטרע־טען אויף אַ וואָרם — אָנצואווענדען געוואַלט געגען זייערע מיט־מענשען. זיי ווייסען, ווייל די פאַקטען האָבען זיי געלערענט, אַז דאָס איז ד ע ר א י י נ צ י ג ע ר ו ו ע ג צ ו ג ע ו ו י נ ע ן, אויב זיי קענען איבערהויפט געווינען.

און עס איז מיר אויסגעקומען העכסט לעכערליך, דאָס אַ פערזאָן זאָל ענטפערען ווען מען ווענדט זיך צו איהם נאָך הילפע פאַר אַ סטרייק, וואָס מען מוז גלייך האָבען, — „וואוט, כדי איהר זאָלט האָבען די מאַכט“, ווען די נעכסטע וואַהל איז אין זעקס מאָנאַטען, אין אַ יאָהר אָדער אין צוויי יאָהר אַרום.

צום אומגליק קענען ניט די מענשען, וועלכע ווייסען אַם בעסטען, ווי געוואַלט ווערט אָנגעווענדעט אין יוניאָן־קעמפפע, אַרויסקומען און ערקלערען: „אין דעם און דעם טאָג, אויף אַזאַ און אַזאַ פּלאַץ איז אַזאַ און אַזאַ מין טהאַט אויסגעפיהרט געוואָרען, און אַלס רעזולטאַט איז דאָס און דאָס פון דעם באָס נאָכגעגעבען געוואָרען, אָדער אַזאַ און אַזאַ באָס האָט אין גאַנצען נאָכגעגעבען. אַזוי צו האַנדלען וואָלט געמיינט שטעלען אין געפאַהר זייער פרייהייט און זייער מאַכט ווייטער אָנצוגעהן מיט׳ן קאַמפף. דערפאַר מוזען די יעניגע, וואָס ווייסען אַם בעסטען, כאַ־פען אַ שווייג און לאַכען אין זייערע אַרבעלס, וועהרענד די יעניגע, וואָס ווייסען גאָרניט אָדער זעהר ווייניג, האַל־טען אין איין פּלוידערען. פּאַסירונגען און ניט צינגער מו־זען קלאָר מאַכען זייער שטערונג.

פאַר די לעצטע עטליכע וואָכען האָט מען וועגען דעם ענין פון דירעקטע אַקציאָן זעהר פיעל גערעדט; אָבער עס איז געוועזען גאַנץ ווייניג זין אין דעם אַלעס. רעדנער און שרייבער, וועלכע זיינען, גלויב איך, עהרליך איבערצייגט, דאָס פּאָליטישע טהעטיגקייט און נור פּאָליטישע טהעטיג־

קיינ קען געווינען פאַר דעם אַרבייטער זיין מלחמה, האָ־
בען פערדאַמט דאָס, וואָס זיי רופען, דירעקטע אַקציאָן
(וואָס זיי מיינען ווירקליך, איז קאָנספּעראַטיווע געוואַלט)
אַלס די אורזאַכע פון אַל־דאָס־בייז. אַ געוויסער אָסקאַר
אַמערינגער, אַלס אַ ביישפּיעל, האָט ניט לאַנג געזאָגט אויף
אַ מיטינג אין שיקאַגאָ, דאָס די הייטאַרקעט־באָמבע
פון 1886 האָט צוריקגעשטויסען די אַכט־שטונדען־בעווע־
גונג אויף 25 יאָהר. נאָך זיין מיינונג, וואָלט די בעוועגונג
דאַן נעקרוינט געוואָרען מיט אַן ערפאָלג, ווען ניט די באָמ־
בע. דאָס איז אַ גרויסער טעות. קיינער קען ניט אָב־
מעסטען פינקטליך אין יאָהרען אָדער מאָנאַטען די ווירקונג
פון אַ שטויס פאָרווערטס אָדער פון אַ צוריקשטויס. קיי־
נער קען ניט בעווייזען, דאָס דער אַכט־שטונדען־קאַמפּף
וואָלט געקאָנט געוואונען ווערען מיט 25 יאָהר צוריק.
מיר ווייסען, דאָס דער אַכט־שטונדען־טאָג איז אָנגענומען גע־
וואָרען, אַלס געזעץ אין איללינאָאיז אין 1871 אַ דאַנק דער
פּאָליטישער טהעטיגקייט, איז אָבער געבליבען אַ טויטער
בוכשטאַב. דאָס די דירעקטע אַקציאָן פון די אַרבייטער
וואָלט דאַן עס געקאָנט אויספירען, דאָס קען ניט בעווי־
זען ווערען; אָבער עס קען דעמאָנסטרירט ווערען, דאָס
פיעלע מעהר שטאַרקע פאַקטאָרען, ווי די הייטאַרקעט־
באָמבע, האָבען געאַרבייט דאַגעגען. פון דער אַנדער
זייט, אויב די רעאַקציאָנערע ווירקונג פון דער באָמבע איז
ווירקליך געווען אַזאַ שטאַרקע, האָבען מיר דאָך געמעגט
ערוואַרטען אַז די אַרבייטער און יוניאָן־פערהעלטעניסע
זאָלען זיין אין שיקאַגאָ פיעל ערגערע, ווי אין די שטעדט,
וואו עס האָט ניט פּאַסירט אַזאַ זאַך. דער פאַקט אָבער
איז, דאָס די אַלגעמיינע אַרבייט־פערהעלטניסע אין שיקאַ־
גאָ, שלעכט ווי זיי זיינען, זיינען זיי פאָרט בעסער ווי אין
פיעלע אַנדערע שטעדט, און די מאַכט פון די יוניאָנס איז
מעהר ענטוויקעלט, ווי אין אירגענד אַן אַנדער שטאָדט

אויסער סאַן פראַנציסקאָ. אַלזאָ, אויף מיר זאָלען עטוואָס בעשליסען וועגען דער ווירקונג פון דער היימאַרקעט־טראַגעדיע, דאַרף מען האָבען דיזען פאַקט אין זינען. פערזענליך דענק איך ניט, אז איהר אײנפלוס אויף די קלאַר־אויסגעשפראָכענע אַרבייטער־בעוועגונג איז געוועזען ווירקליך אַזוי גרויס.

דאָס זעלבע וועט זיין איצט מיט דעם איצטיגען טומעל און געפילדער וועגען געוואַלט. גאָרניט פונדאַמענטאַלעס איז געענדערט געוואָרען. צוויי מענשען זיינען אַרעסטירט פאַר דאָס, וואָס זיי האָבען געטאָהן (מיט 24 יאָהר צוריק זיינען זיי אויפגעהאַנגען געוואָרען פאַר דאָס, וואָס זיי האָבען ניט געטאָהן); מאַנכע אַנדערע קענען נאָך אַרעסטירט ווערען; אָבער די לעבענס־כחות וועלען אָנגעהן מיט זייער רעבעלליאָן נעגען די עקאָנאָמישע קייטען. עס וועט ניט זיין קיין אָבשטעל אין דיעזער מלחמה, מאַכט ניט אויס, פאַר וועלכען טיקעט די מענשען וועלען שטימען אָדער ניט שטימען, ביז די קייטען וועלען ווערען צובראָכען.

ווי וועלען די קייטען צובראָכען ווערען? די אָנהענגער פון פּאָליטישער אַקציאָן זאָגען אונז, אַז דאָס וועט נור זיין דורך די פּאָליטישע טהעטיגקייט פון דער אַרבייטער־קלאַס פאַרטיי ביין שטים קאַסטען; מיט דעם, וואָס זיי וועלען זאָגען אַ דעה אין דעם בעזיץ פון די קוואַלען פון לעבען און די פּראָדוקציאָנס־ווערקצייג; דורך דעם, וואָס זיי וועלען וואוטען, דאָס די יעניגע, וואָס האָבען אין זייער מאַכט די וועלדער, די מינען, די פאַרמס, די וואַסער וועגען, די מיללען און פעקטאָריעס און האָבען אויך די מיליטערישע מאַכט זיי צו פערטהיידיגען, וועלען איבערגעבען זייער הערשאַפט, זייער גדולה צום פאָלק.

און דערווייל?

דערווייל זיי פריעדליך, פלייסיג, פאָלג דעם געזעץ, זיי געדולדיג און שפּאָרזאַם (ווי מאַדעראָ האָט עס געזאָגט צו די מעקסיקאַנער שקלאַפען, נאָכדעם ווי ער האָט זיי פער־

קויפט צו וואָלל סטריט)! אַפילו, ווען מאַנכע פון אייך ווע־
רען בערויבט פון זייער שטים־רעכט, רעבעללירט ניט נעגען
דעם, ווייל דאָס קען צוריקהאַלטען דעם פאָרטשריט פון
דער פאַרטיי.

נון, איך האָב שוין געזאָגט, דאָס מאַנכעס גוטעס ווערט
צייטענווייז אויסגעפיהרט דורך די פּאָליטישע טהעטיגקייט
— און ניט דוקא דורך די פּאָליטישע טהעטיגקייט פון דעם
אַרבייטער־קלאַס. אָבער איך בין שטאַרק איבערצייגט, אַז
דאָס ביסעל גוטע, וואָס ווערט געטהאָן, ווערט איבערגע־
וואויגען פון דאָס פיעל בייזע, וואָס די פּאָליטישע טהעטיג־
קייט ברענגט מיט זיך.

כמעט אַלע געזעצע, וועלכע זיינען אין אָנפאַנג געפּלאַ־
נעוועט געוואָרען מיט דער אַבזיכט צו העלפען די אַרביי־
טער, זיינען אָדער געוואָרען אומגעוואַנדעלט אין וואַפען
אין די הענד פון זייערע שונאים, אָדער זיי זיינען געבליבען
ווירקונגסלאָז, סיידען די אַרבייטער, דורך זייערע אָרגאַני־
זאַציאָנען האָבען דירעקט ערצוואונגען די אויספיהרונג פון
דיזע געזעצע. אַזוי, דאָס סוף כל סוף איז עס די דירעקטע
אַקציאָן, צו וועלכע מען מוז זיך נעהמען אום עפּעס
אויסצופיהרען.

אַלס אַ ביישפּיעל, ווי אַזוי דער געזעץ קען אומגעוואַנ־
דעלט ווערען אין עטוואָס שלעכטעס, חאָטש ער איז גע־
מיינט געוואָרען צו זיין אַ ברכה פאַר'ן אַרבייטער, טהוט אַ
קוק אויף דעם אַנטי־טראָסט־געזעץ, וועלכער, מען האָט
גערעכענט, דאַרף ברענגען נוצען דעם פאָלק בכלל און די
אַרבייטער בפרט. ניט לאַנג צוריק זיינען 250 אַרבייטער־
פיהרער פאָרגערופען געוואָהרען פאַר'ן געריכט צו פער־
ענטפערען זיך אויף די בעשולדיגונג דאָס זיי זיינען בעשאַ־
פער פון טראָסטס.

אָבער דאָס שלעכטע פון איינצוגלויבען זיך אין די
גוטסקייט פון אינדירעקטער אַקציאָן איז פיעל, פיעל גרעסער,

ווי אַזעלכע גאַנץ אונפּעדייטענדע רעזולטאַטען. די הויפּט־שלעכטיגקייט איז, וואָס דאָס פערניכטעט די איניציאַטיווע, דערשטיקט דעם אינדיווידועלען רעבעללישען גייסט, לע־רענט די מענשען צו פערלאָזען זיך אויף אימיצען אַנדערש צו טהאָן פאַר זיי דאָס, וואָס זיי דאַרפען אַליין טהאָן פאַר זיך, וואָס זיי אליין קענען טהאָן פאַר זיך. ענדליך דאָס, וואָס עס ברענגט אין לעבען דעם פאַלשען געדאַנק, דאָס מיט דעם, וואָס מען ברענגט צוזאַמען אין אַ מאַסע דעם שטומפּפזין ביז עס ווערט אַ מאַיאָריטעט, ווערט דורך דעם אייגענטהימליכען כישוף פון דער מאַיאָריטעט די־זער שטומפּפזין אומגעוואַנדעלט אין שכל און ענערגיע. דאָס הייסט, אַז מענשען, וועלכע האָבען פערלאָרען די געוואוינהייט צו קעמפּפען פאַר זיך זעלבסט, אַלעס איינ־צעלנע, וועלכע האָבען זיך אונטערוואָרפען צו יעדער אונגערעכטיקייט, וואַרטענדיג אויף דעם וואוקס פון דער מאַיאָריטעט, וועלען פּלוצלונג אומגעוואַנדעלט ווערען אין מענשליכע שטאַרקע עקספּלאָזיאָנס־שטאָפען בלויז דורך דעם פּראָצעס פון צוזאַמענפּאַקונג!

איך גיב צו, דאָס די קוואַלען פון לעבען, און דער גאַנ־צער נאַטירליכער רייכטהום פון דער ערד, און די ווערקצייג, וועלכע זיינען נויטיג פאַר די קאָאָפּעראַטיווע שאַפונג, מוזען ווערען פריי פאַר אַלע. עס איז פאַר מיר אַ פּאָזיטיווע זי־כערהייט, דאָס דער יוניאָניזם מוז זיך אויסברייטען און פער־טיעפען זיינע ציעלען, אָדער ער וועט אונטערגעהן. און איך בין זיכער, דאָס די לאָגיק פון די פּאַסירונגען וועט איהם צווינגען דאָס מיט דער צייט צו פערשטעהן. די אַרבייטער מוזען לערנען, דאָס דער אַרבייטער־פּראָבלעם קען קיינמאָל ניט געלייזט ווערען מיט דעם שלאָגען פון סקעבס, אַזוי לאַנג, ווי זייער אייגענע פּאָליטיק פון בעגרענצען די מיטגליעדער־שאַפט דורך הויכע איינטריטס־געלט און אַנדערע בעגרענ־צונגען העלפט פּעשאַפען סקעבס. זיי מוזען לערנען, דאָס

דער וועג פון וואקסען איז ניט אַזוי אויף דער ליניע פון חע־
כערע וויידזשעס, נור פון קירצערע שטונדען, וואָס וועט זיי
נעבען די מעגליכקייט צו פערגרעסערען די צאָהל פון זייערע
מיטגליעדער, אריינצונעהמען יעדען וואָס וויל נור אריינקו־
מען אין די יוניאָן. זיי מוזען לערנען, דאָס אויב זיי ווילען
געווינען זייערע מלחמות, מוזען אַלע פעראייניגטע אַרביי־
טער האַנדלען צוזאַמען, האַנדלען שנעל (ניט שיקען פּאָ־
היעסטקעס צו זייערע באָסעס) און זיין פריי דאָס צו טהאָן
צו אַלע צייטען. און ענדליך מוזען זיי לערנען, דאָס זאָגאַר
דאַן (ווען זיי האָבען שוין אַ פּאָלשטענדיגע אָרגאַניזאַציאָן)
קענען זיי ניט געווינען גאָר ניט שטענדיגעס, סיידען זיי
קעמפּפען און פיהרען אַ מלחמה פאַר אַלעס; ניט פאַר אַ
העכערע בעלוינונג, ניט פאַר אַ קלענערע פערבעסערונג, נור
פאַר דעם גאַנצען נאַטירליכען רייכטהום פון דער ערד.

זיי מוזען לערנען, דאָס זייער מאַכט איז ניט אין זיי־
ער שטימען־מאַכט, נור אין זייער פעהיגקייט אָבצושטע־
לען די פּראָדוקציאָן, עס איז אַ גרויסער טעות אָנצונעה־
מען, אַז די אַרבייטער, די וויידזש־פערדינער, שטעלען
צוזאַמען אַ מאַיאָריטעט פון די וואוטערס. וויידזש־פער־
דינער זיינען היינט דאָ, מאָרגען דאָרט, און דאָס שטערט
אַ גרויסע צאָהל פון צו וואוטען. אַ גרויסער פּראָצענט פון
די אַרבייטער אין דיזען לאַנד זיינען אויסלענדער, וואָס
האָבען ניט קיין שטים־רעכט. דער שטאַרקסטער בעוויז
אַז די סאָציאַליסטישע פיהרער וויסען, אַז דאָס איז אַזוי,
איז דער, דאָס זיי מאַכען קאָמפּראָמיסען אין זייער פּראָפּאַ־
גאַנדע ביי יעדען פּונקט, אום צו געווינען די שטיצע פון דעם
געשעפט־קלאַס, דעם קליינעם קרעמער. זייערע קאַמפּיין־
צייטונגען האָבען ערקלערט, דאָס די וואָלל סטריט קויפער
פון באָנדס האָבען פערזיכערט זייערע רעפּאָרטערס, דאָס
זיי זיינען פּונקט אַזוי ווילינג צו קויפען די לאָס אַנזשעלעס
באָנד פון אונטער אַ סאָציאַליסטישער אַדמיניסטראַציאָן,

ווי פון אונטער אַ קאַפּיטאַליסטישער; דאָס די איצטיגע מילוואָקער אַדמיניסטראַציאָן איז געווען אַ גליק פאַר דעם קליינעם געשעפטסמאַן; אין די סאָציאַליסטישע צייטונגען פון שיקאַגאָ לעזען מיר, דאָס זייערע לעזער דאַרפען ניט געהן קויפען אין די גרויסע דעפּאַרטמענט סטאָרס, נור קויפען געראַדע ביי דעם און דעם אויף מילוואָקי עוועניו, וועלכער וועט פונקט אַזוי צופרידענשטעלען, ווי די גרויסע ביזנעס־אינסטיטוציאָן קורץ, זיי מאַכען אַלע פערצווייפעלטע אָנשטרענגונגען צו געווינען די שטיצע און צו פערלענגערען דאָס לעבען פון יענעם מיטעל־קלאַס, וועלכער, לויט דער סאָציאַליסטישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, דאַרף צוריבען ווערען אויף פולווער, ווייל זיי ווייסען, אַז אָהן זיי קענען זיי ניט האָבען קיין מאַיאָריטעט.

דאָס העכסטע, וואָס אַן אַרבייטער־קלאַסען־פּאַרטיי וואָלט געקאָנט טהאָן, אפילו דאַן, ווען זיינע פּאָליטישענס וואָלטען געבליבען עהרליך, וואָלט געווען צו בעשאַפען אַ שטאַרקע אָבטהיילונג אין די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען, וועלכע וואָלט געקאָנט, פעראייניגענדיג איהר וואוט מיט איינעם אָדער מיט אַנאַנדער צד, געווינען געוויסע פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע פּאַלליאַטיוועןן.

אָבער, וואָס דער אַרבייטער־קלאַס קען טאָהן, ווערענדיג אַ פעסטע אָרגאַניזאַציאָן, איז צו ווייזען די בעזיצענדע קלאַסען דורך אַ פּלוצלינגע אָבשטעלונג פון דער אַרבייט, דאָס די גאַנצע סאָציאַלע געביידע שטיצט זיך אויף זיי; דאָס די בעזיצטהימער פון די אַנדערע זיינען אַבסאָליוט ווערטהלאָז פאַר זיי אָהן דעם אַרבייטער׳ס טהעטיגקייט; דאָס אַזעלכע פּראָטעסטען, אַזעלכע סטרייקס זיינען איינגעוואָרצעלט אין דעם סיסטעם פון אייגענטהום און זיי וועלען שטענדיג פאָרקומען, ביז דער גאַנצער סיסטעם איז אָבגעשאַפט — און האָבענדיג דאָס געוויזען, וועלען זיי זיך נעהמען צו דער עקספּראָפּריאַציע.

אָבער די מיליטערישע מאַכט, זאָגט דער אַנהענגער פון פּאָליטישער אַקציאָן; מיר מוזען קריגען די פּאָליטי־שע מאַכט, אָדער די מיליטער וועט אַרויסגעשיקט ווערען געגען אונז!

געגען אַ ווירקליכען גענעראַל־סטרייק איז די מיליטער מאַכטלאָז. אָה, אמת, אויב איהר האָט אַ סאָציאַליסט בריאַן אין מאַכט, קען ער ערקלערען די אַרבייטער, אַלס „עפענטליכע בעאַמטע" און פּרוּבּירען זיי מאַכען דיענען געגען זיך זעלבסט! אָבער געגען די פעסטע וואַנד פון אַן ענטשלאָסענעם אַרבייטער־קלאַס מוז זאָגאַר אַ בריאַן ווערען צובּראָכען.

דערוויל, בּיז דיזער אינטערנאַציאָנאַלער ערוואַכונג וועט דער קריג אָנגעהן, ווי בּיז איצט, ניט קוקענדיג אויף די גאַנצע היסטעריקע, וועלכע עס ווייזען אַרויס האָטש גאַנץ גוט־מיינענדע מענשען, וועלכע פערשטעהען אָבער ניט דאָס לעבען און זיינע נויטווענדיגקייטען; ניט קוקענ־דיג אויף דאָס ציטערען פון די שרעקעדיגע פיהרער; ניט קוקענדיג אויף די אַלע רעאַקציאָנערע מיטלען פון נקמה, וועלכע מעגען אָנגעווענדעט ווערען; ניט קוקענדיג אויף דעם קאַפּיטאַל, וואָס די פּאָליטישענס שלאָגען אַרויס פון דער לאַגע.

ער וועט אָנגעהן, ווייל דאָס לעבען וויל לעבען, און אייגענטהום רויבּט זיין פרייהייט צו לעבען. און דאָס לעבען וועט זיך ניט אונטערגעבען, און זאָל זיך ניט אונ־טער געבען.

ער וועט אָנגעהן בּיז יענעם טאָג, ווען אַ זעלבּסט־בּע־פרייטע מענשהייט וועט זיין פעהיג צו זינגען סווינבּורן'ס „ליעד פון מענשען".

„לויב צום מענשען אין דאָס העכסטע, ווייל דער
מענש איז דער מייסטער פון זאַכען".




לעזט און פערברייטעט

די

# „פרייהייט"

ערשיינט מאָנאַטליך

אַנאַרכיסטיש קאָמוניסטישער אָרגאַן

אַרויסגעגעבען פון די פעדערירטע אַנאַרכיסטישע גרופּען

פּרייז 2 סענט

אַבּאָנענט־פּרייז :

| | |
|---|---|
| אַ גאַנץ יאָהר 35 סענט | אויסלאַנד : — 40 סענט |
| אַ האַלב יאָהר 20 סענט | אַ האַלב יאָהר 25 סענט |



## קאַמעראַדען

פאַרגעסט ניט צו שטיצען אונזערע
חברים אין די רוסישע טורמעס
און אין סיביר

בייטרעגע קענען געשיקט ווערען צום סעקרעטאַר פון'ם
"אַנאַרכיסטישען רויטען קרייץ"

S. OSSOVSKY
1145 FOX STREET
BRONX, N. Y.

# לעזט און פערשפּרייט

די פאָלגענדע אַנאַרכיסטישע צייט־שריפטען:

די

## „פרייהייט"

ארויסגעגעבען פון די פעדערירטע אַנאַרכיסטישע גרופּען.

---

די

## „פרייע אַרבייטער שטימע"

א וועכענטליכע צייטונג אַרויסגעגעבען אין ניו־יאָרק אונטער דער רעדאַקציאָן פון ש. יאַנאָווסקי

---

דעם

## „אַרבייטער פריינד"

אַ וועכענטליכער אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישער אָרגאַן ארויסגעגעבען פון די אידיש־שפּרעכענדע אַנאַרכיסטען אין לאָנדאָן.

---

אין רוסיש

---

## „גאָלאָס טרודאַ"

אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישער אָרגאַן אַרויסגעגעבען פון דער „רוסישער אַרבייטער" גרופּע אין ניו־יאָרק.

---

## „ראַבאָטשי מיר"

אָרגאַן פון די פעדערירטע רוסישע אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישע גרופּען אין אויסלאַנד

---

אין ענגליש

---

די

## „פרידאָם"

אַ מאָנאַטליכע צייט־שריפט פאַר דעם אַנאַרכיסטישען געדאַנק ארויסגעגעבען פון דער גרופּע „פרידאָם" לאָנדאָן.

## „מאָטהער אורטה"

א מאָנאַטליכע אַנאַרכיסטישע צייט־שריפט רעדאַקטירט פון אַלעקס. בערקמאַן